דאָס ליד נר׳ 2 איז אַ ווערסיע פונעם פֿאָלקסליד ״ס׳לויפֿן, ס׳יאָגן״, וואָס געפֿינט זיך אין סעקולעצעס זאַמלונג און, פֿראַגמענטאַריש, אין אַ זאַמלונג צונויפֿגעשטעלט דורך מ. בערעגאָווסקי און א. פֿעפֿער.[11] ס׳איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז אינעם אָריגינעלן טעקסט אין סעקולעצעס זאַמלונג שטייט: ״ס׳לויפֿן, ס׳יאָגן שוואַרצע וואָלקן, / ס׳פֿייפֿט און ס׳ברומט דער ווינט; / פֿון דער ווײַטן שיקט דײַן טאַטע / דיר אַ גרוס, מײַן קינד! / נאָר דער ווינט – ער ברענגט אונדז גרוסן / פֿון דעם קאַלטן לאַנד: / ...ער (דער טאַטע) גראָבט אַלץ טיפֿער, טיפֿער, / ... פֿאַר׳ן שקר / גראָבט ער קברים אויס״. צי איז דער דאָזיקער טעקסט געווען אומבאַקאַנט שאָסטאַקאָוויטשן; צי איז עס בלויז אַ צופֿאַל, וואָס ער האָט אויסגעקליבן דווקא אַ מעלאָדיע וואָס איז פֿאַרבונדן מיט דער טעמע סיביר? (זע בײַשפּיל נר׳ 2 אין העברעישן טייל, ז׳ ל )

דאָס ליד נר׳ 5 איז אַ ווערסיע פֿון אַ יידישן ״פֿריילעכס״, פֿאַרשריבן אין 1935 דורך בערעגאָווסקין פֿון אַ מוזיקער פֿונעם מאָסקווער יידישן טעאַטער.[12] אַן ענלעכער פֿראַגמענט געפֿינט זיך אין מיכאַיל גנעסינס סימפֿאָנישער סוויטע ״דער יידישער אָרקעסטער אויף דעם באַל פֿון דעם שטאָט-באַליף״ (1926), אַ קלאַסיש ווערק פֿון דער סאָוועטישער יידישער מוזיק, ווײַט באַקאַנט צווישן די מאָסקווער מוזיקערס (זע בײַשפּיל נר׳ 3 אין העברעישן טייל, ז׳ ל )

מיט דער מעלאָדיע פֿון דעם פֿאָלקסליד ״אוי, אַברהם״, וואָס מען קען זי באַטראַכטן ווי אַן ערשטיקן פּראָטאָטיפּ פֿון שאָסטאַקאָוויטשעס ליד נר׳ 4, האָבן מיר אַן אַנדער בײַשפּיל.[13] די אַראָפּגייענדיקע קוואַרטע מי-סי איז דער סקעלעט פֿון ביידע מעלאָדיעס. דער חסידישער ניגון פֿון אידעלסאָנס אַנטאָלאָגיע איז זעייער נאָענט צו שאָסטאַקאָוויטשעס ליד.[14]

מע דערגייט די ייִדישע מקורים פֿון אָפּוס 79 ניט נאָר דורך מוזיקאַלישע פּאַראַלעלן. ס׳רוב לידער זענען געשריבן אין זשאַנערן וואָס זענען ספּעציפֿיש פֿאַר דער ייִדישער פֿאָלקסמוזיק: קינה (נר׳ 1 און 8), וויגליד (נר׳ 2 און 3), פֿריילעכס (נר׳ 4 און 7) און זשאַנער-סצענע (נר׳ 5 און 6). די לירישע לידער (נר׳ 9 און 10) און די מאַרש-פּאַראָדיע (נר׳ 11), וואָס האָבן ניט קיין עטנישן זשאַנער-כאַראַקטערע, געהערן צו דער גרופּע פֿון די ״גליק״–לידער, און דערמיט באַווײַזט זיך ווידער זייער מהותדיקע אַנדערשקייט.

דאַכט זיך, אַז דער כאַראַקטעריסטישסטער שטריך פֿון דער מזרח-אייראָפּעיִשער פֿאָלקסמוזיק איז איר נייגונג צו ״עקסטראַפּאָלאַציע פֿון שטימונג״.[15] דער דאָזיקער ספּעציעלער שטריך קומט צום אויסדרוק אין פֿאַרשיידענע אופֿנים אין אָפּוס 79: אַ פּשוטער, פֿריילעכער טאַנץ-מאָטיוו אַנטוויקלט זיך אין אַן עקסטאַטישן, זיך-איבערחזרנדיקן אויטאָמאַטיזם (נר׳ 4 און 7), אַ לירישע, מעלאַנכאָלישע טעמע פֿאַרוואַנדלט זיך אין טראַגישער מוזיק אויף דער גרענעץ פֿון קאַטאַרזיס (נר׳ 1 און 8);

דאַרגאָמיזשקי-מוסאָרגסקי-צוגאַנג צום באַאַרבעטן טעקסטן אין דער קינסטלערישער מוזיק און פון דער אַלטער קאַנטילאַציע-טראַדיציע פון דער ייִדישער תּפֿילה.

די לידער 1, 2, 3, 4, 5, 6 און 8 פון שאָסטאַקאָוויטשעס אָפּוס 79 באַניצן זיך אַלע מיט "מוזיקאַליזירטע רייד". כאָטש די מוסאָרגסקישע שטריכן אין שאָסטאַקאָוויטשעס מוזיק זענען אין אַלגעמיין גוט באַקאַנט, דאַרף מען באַמערקן, אַז זײַן "מוסאָרגסקיזם" איז פון אַ ספּעציעלן באַטײַט פאַר זײַן "ייִדישן סטיל". מוסאָרגסקי האָט געשריבן, אַז זיין אינטערעס פאַר "מוזיקאַלער דעקלאַמאַציע" קומט "פון דער איבערצײַיגונג אַז מענטשלעכע רייד איז שטאַרק קאָנטראָלירט דורך מוזיקאַלישע געזעצן" און אַז ער מיינט אַז "דאָס שליחות פון דער מוזיק-קונסט איז איבערצוגעבן מיט מוזיקאַלישע קלאַנגען ניט נאָר די ניואַסן פון די עמאָציעס, נאָר, דער עיקר, די ניואַנסן פון מענטשלעכע רייד".[8] דאָברושין, רעדנדיק וועגן דעם ייִדישן מזרח-אייראָפּעיִשן פֿאָלקסליד, שרײַבט אַז, "איינער פון די בולטסטע שטריכן פונעם פֿאָלקסליד [איז] די גרונט-פֿאַרבינדונג מיט דער גערעדטער שפּראַך, מיט דעם ריידשטייגער פון די ייִדישע מאַסן".[9] אַזוי אַרום געפינען מיר אין שאָסטאַקאָוויטשעס מוזיק אַן אינטערעסאַנטער פֿאַל פון צונויפטרעף צווישן פּרינציפּן וואָס הערשן אין דער רוסישער קונסטמוזיק און די טראַדיציאָנעלע שטריכן פון דער ייִדישער פֿאָלקסקונסט.

דער זשאַנער-סצענע-כאַראַקטער און מעשה-כאַראַקטער ("זשאַנראָוואָזט", "סיוזשעטנאָסט" אויף רוסיש) אין פון ייִדישער פֿאָלקס-פּאָעזיע שילדערן אויך דעם צונויפטרעף פון דער רוסישער קלאַסישער טראַדיציע און פון דער ייִדישער פֿאָלקס-טראַדיציע.

מוסאָרגסקיס "פֿאָלקס-סצענעס" ("נאַראָדניע קאַרטינקי") באַהאַנדלען, דער עיקר, דעם גורל פון דעם "קליינעם מענטש" אָדער פון דעם "פּשוטן מענטש", וואָס איז געוועזן אַ היימישע פיגור אין דער רוסישער ליטעראַטור און קונסט זינט גאָגאָלן. אינעם טאָג-טעגלעכן לעבן פונעם "קליינעם מענטש" איז דער קאָמיזם צונויפגעוועבט מיט טראַגיק, כאָטש דער צווייטער עלעמענט האָט אפשר די איבערהאַנט. מען געפינט די מיניאַטור זשאַנער-סצענע אויך אינעם ייִדישן פֿאָלקסליד, געשעפּט אין אַ גרויסער מאָס פונעם ייִדישן פֿאָלקס-טעאַטער (דער פּורים-שפּיל) און, דער עיקר, פונעם ברחנס קונסט. "דאָס ייִדישע פֿאָלקסליד האָט תּמיד אַ נייגונג צו אַ זשאַנער-סצענע, צו אַ מעשׂה" שרײַבט דאָברושין.[10]

ביז הײַנט האָט מען באַמערקט נאָר ייִדישע פֿאָלקס-פּאָעזיע אין שאָסטאַקאָווייטשעס אָפּוס 79. דער קאָמפּאָזיטאָר האָט אָבער זיך באַניצט אויך מיט ייִדישע פֿאָלקס-מעלאָדיעס, וואָס ער האָט זיי נאַטירלעך געענדערט לויט זײַנע קינסטלערישע באַדערפענישן. לאָמיר דערמאָנען דאָ בלויז עטלעכע בײַשפּילן.

פֿאַרמעלע שטריכן. די ערשטע גרופּע (לידער נר׳ 1–8) שטעלן פֿאָר שטייגער-סצענעס, בעת די צווייטע (לידער נר׳ 9–11) ברענגען דעקלאַראַציעס און לאָזונגען; אין דער ערשטער גרופּע זענען די טעקסטן באַזירט אויף פֿאָלקלאָר-עלעמענטן און באַניצן זיך מיט פֿאָלקסשפּראַך, בעת אין דער צווייטער גרופּע פֿאַרמאָגן זיי שטריכן פֿונעם קונסטליד און באַניצן זיך מיטן ווערטער-אוצר פֿון די סאָוועטישע מאַסן-לידער; אין דער ערשטער גרופּע געפֿינט מען די דיאַלאָג-פֿאָרעם וואָס כאַראַקטעריזירט די פּאָעטיק פֿונעם ייִדישן פֿאָלקסליד, מיט איר רײַכן באַניץ מיט "רייד-אינטאָנאַציעס", בעת אין דער צווייטער קומט צום אויסדרוק דער קאָנווענציאָנעלער מעלאָדישער גאַנג פֿון די סאָוועטישע מאַסן-לידער געמישט מיטן רוסישן קונסטליד. אָט די אַלע אונטערשיידן שאַפֿן דעם אײַנדרוק, אַז די צוויי גרופּעס לידער זענען אומאָפּהענגיק, און אַפֿילו פֿרעמד איינע דער צווייטער.

כּמעט אַלע לידער פֿונעם ציקל ניצן אויס די עליפּטישע און קאָנאָטאַטיווע שפּראַך, וואָס כאַראַקטעריזירט די ייִדישע פֿאָלקס-פּאָעזיע, כּדי צו סוגערירן האַלב-באַהאַלטענע באַטײַטן. דאָברושין, איינער פֿון די בעסטע קענערס פֿונעם ייִדישן פֿאָלקסליד און דער רעדאַקטאָר פֿון *ייִדישע פֿאָלקס-לידער*, שרײַבט וועגן דעם ענין:

> דאָ (אין די ייִדישע פֿאָלקסלידער) פֿאַרוואַנדלט זיך אָפֿט די קאָנקרעטקייט און די פּינקטלעכקייט אין צוריקגעהאַלטנקייט. ווען צווי מענטשן רעדן וועגן ענינים וואָס זענען זיי ביידע גוט באַקאַנט, קענען זיי רעדן מיט רמזים... אינעם ייִדישן פֿאָלקסליד געפֿינט מען זייער אָפֿט זאַצן און פֿערזן פֿון דעם מין, געבויט אויף רמזים.[7]

די דאָזיקע רמזים האָבן אַ קאָנקרעטן באַטײַט נאָר פֿאַר מבֿינים, און אינעם פֿאַל פֿון שאָסטאַקאָוויטשעס ציקל, פֿאַר די וואָס זיי איז באַקאַנט דער ספּעציעלער סאָציאַלער און קינסטלערישער קלימאַט. צום בײַשפּיל, דער אומדירעקטער רמז צו די מיליאָנען פֿאַרשיקטע קיין סיביר דורך דעם סטאַלין-רעזשים איז גאַנץ קלאָר אינעם דריטן ליד, כאָטש דער טעקסט אַליין רעדט וועגן געשעענישן פֿון 1905.

דאָס דריטע ליד פֿאַרבינדט זיך אויך מיטן פֿערטן ליד דורך זײַן איבערחזרנדיקן ייאוש-געשריי: "אוי, אַבֿרהם, איך קען אָן דיר ניט זײַן! / איך אָן דיר, דו אָן מיר, / קענען ניט ביידע זײַן!" די דראַמאַטישע סיטואַציע געשילדערט דאָ איז אָן אַ ספֿק אַ רעזולטאַט פֿון דער פֿאַרשיקונג דערמאָנט אינעם דריטן ליד.

אַן אַנדער אַספּעקט פֿונעם ייִדישן פֿאָלקסליד אין פֿון ייִדישער פֿאָלקס-פּאָעזיע איז דער באַניץ מיט "מוזיקאַליזירטע רייד", אַ מין רעציטאַטיוו מיט רייד-אינטאָנאַציעס. דער דאָזיקער באַניץ שטאַמט פֿון צוויי גאָר פֿאַרשיידענע מקורים: פֿון דעם

(אָדער אַ גיסעלע אאז״ו), כּדי צו מאַכן שטאַרק דאָס קעפּעלע (דאָס פּיסעלע אאז״ו).

3. אַ וויגליד וועגן אַ פאַרשיקטן טאַטן: שלאָף ליו-ליו, דען טאַטע איז אין סיביר, מײַנע צרות זענען גרויס, זאָגט די מאַמע.

4. צעשיידונג מיט דעם געליבטן; דער רעפרען ״אוי, אברהם, איך קען אָן דיר ניט זײַן!״ ווערט באַגלייט מיט זכרונות וועגן די ערשטע כאַגעגענישן פון די געליבטע.

5. ״ הער זשע, כאַסיע! ...מיט קיינעם טאָר מען ניט גיין!״ ״אַז דו וועסט גיין ... וועסט וויינען ...״

6. צירעלע, דעם קרעטשמערס טאָכטער, האָט זיך געשמדט; דער פאַרצווייפלטער טאַטע לייגט פאָר קליידער, צירונג און אַפילו אַ שיינעם יונגמאַן; צירעלע אָבער רופט דעם פּריסטאַוו, וואָס זי וויל אים פאַר אַ מאַן, און הייסט אים אַרויסטרײַבן דעם אַלטן ייִד, דעם טאַטן.

7. אַ טאַנץ-רעפרען ״האָפּ, האָפּ״ באַגלייט דורך דער באַשרײַבונג פון אַ קינד אין אַ וויגל ״נאַקעט, גאָר אָן ווינדעלעך״.

8. אַ ליד וועגן ביטערער אָרעמקייט: מײַן שיינדל ליגט אין בעט מיטן קינד, אין שטוב איז ניטאָ קיין פײַער און דער ווינט בלאָזט; ״אוי שרײַט זשע, ... קינדער, דער ווינטער, ער איז ווידער דאָ!״

9. פריִער איז מײַן ניגון געווען וועגן צרות און לײַדן און די פעלדער פלעגן ניט גרינען פאַר מיר; איצט איז דער קאָלווירט מײַן היים און איך בין גליקלעך.

10. אַ פאַסטעכער-ליד: איך שפּיל אויף מײַן פײַפל און פריי זיך מיט מײַן לאַגער; ״זאָלסט ניט מער יאָמערן פײַפל״; איך בין גליקלעך און דו דאַרפסט שפּילן פריילעכער.

11. דעם אַלטן שוסטערס ווײַב גייט אין טעאַטער מיט איר מאַן; זי דערמאָנט זיך די אַלע פײַנע זאַכן וואָס האָט איר געגעבן דער סאָוועט-וולאַסט און וויל דערציילן אַלעמען וועגן איר גליק; דער שטערן ברענט איבער אונדזערע קעפּ און ״די זין, אוי די זין, דוקטווירים זענען זיין!״

די דרײַ ״גליק״–לידער צוזאַמענגעשטעלט בײַם סוף פונעם ציקל אונטערשיידן זיך קלאָר פונעם עיקר-טייל פונעם ווערק. מען גייט אַריבער פלוצעם פון טעקסטן וואָס רעדן וועגן אָרעמקייט און צרות צו טעקסטן אָנגעפילט מיט אָפּטימיזם, בעת אין דאָברושינס זאַמלונג ייִדישע פאָלקס-לידער געפינט מען אַ ריי טעקסטן וועגן אַרבעט, קאַמף און מלחמה, ווי אַ בריק אַריבערצוגיין פון די ״טראַגישע״ צו די ״גליקלעכע״ לידער. די צוויי גרופּעס אונטערשיידן זיך אויך דורך באַזונדערע טעמאַטישע און

אָבער פון דעצעמבער 1948 ביז פעברואַר 1949, בלויז עטלעכע חדשים נאָך דער היימישער אויספירונג, האָט זיך דער מצב דראַסטיש געענדערט. אַ סך ייִדישע אינטעלעקטואַלן, צווישן זיי אויך די צונויפשטעלערס פון די ייִדישע פאָלקס-לידער, דאָברושין און יודיצקי, זענען אַרעסטירט געוואָרן; מען האָט זיך באַציט מיט חשד צו דער גאַנצער ייִדישער קולטורעלער עליטע און מען האָט פאַרמאַכט די קולטורעלע אינסטיטוציעס; ערשטראַנגיקע און, דער עיקר, ייִדישע מוזיקאָלאָגן האָט מען באַשולדיקט, בעת אַ זיצונג פונעם קאָמפּאָזיטאָרן-פאַראיין און אין דער פּרעסע, אין "אַנטי-פּאַטריאָטישע-טעטיקייטן" און אין "קאָסמאָפּאָליטישע טעותים".

דאָס הייסט, אַז דעמאָלט איז שוין ניט געווען קיין שום שאַנס מען זאָל קענען אויספירן עפנטלעך אַ ייִדיש ווערק, אַפילו ווען זײַן מוזיקאַלישער סטיל האָט פאַרענטפערט די אָפיציעלע פאָדערונגען. פון ייִדישער פאָלקס-פּאָעזיע, וואָס איז געמיינט און קאָמפּאָנירט געוואָרן ווי אַן אויסדרוק פון מענטשלעכן ייִאוש, איז איבער נאָכט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ווערק פּאָטענציעל אָנגעלאָדן מיט אַ ברייט-נאַציאָנאַלן באַטײַט. דאָס איז אַ מערקווירדיקער פאַל פון אַ פּלוצעמדיקן בײַט אינעם ווערט און באַטײַט פון אַ קינסטלעריש ווערק צוליב באַדינגונגען, וואָס זענען אַנשטאַנען נאָך זײַן שאַפן און אומאָפּהענגיק פונעם שאַפער.

ערשט יאָרן שפּעטער איז פון ייִדישער פאָלקס-פּאָעזיע געוואָרן אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל פון דער סאָוועטישער מוזיק.

* * *

די עלף לידער פון אָפּוס 79 קען מען קלאָר צעטיילן אין צוויי גרופּעס: די ערשטע אַכט, וואָס מען קען זיי אָנרופן די טראַגישע לידער, קאָמפּאָנירט אין אויגוסט 1948, און די דרײַ "גליק"-לידער, וואָס דער קאָמפּאָזיטאָר האָט זיי צוגעגעבן אין אָקטאָבער, נאָך דעם היימישן אויספיר.

## פון ייִדישער פאָלקס-פּאָעזיע
### רעזומען

1. אַ פראנע-און-ענטפער-ליד, דערציילט וועגן משהלען, אַן עופעלע וואָס איז געבוירן, ווערט געוויגט אין אַ וויגל, גענערט מיט ברויט און ציבעלע און באַגראָבן אין אַ קליינעם גריבעלע.
2. אַ וויגליד; דער טאַטע וועט פאָרן אין דאָרף או ברענגען אונדז אַן עפּעלע

וואָקאַלישן ציקל.

דער ציקל פֿון ייִדישער פֿאָלקס-פּאָעזיע איז אַ בײַשפּיל פֿון סטיליזירטער אורבאַנישער פֿאָלקסקונסט. די טעקסטן זענען אויטענטישע פֿאָלקסלידער און דערפֿאַר, לויט די סאָוועטישע עסטעטישע נאָרמעס, וואָלטן זיי געדאַרפֿט אָפּגעשאַצט ווערן ווי דער בעסטער רוי-מאַטעריאַל פֿאַר אַ מוזיקאַלישער באַאַרבעטונג. די מוזיק פֿאַרמאָגט אַלע עיקר-שטריכן פֿון דעם פֿאָלקסטימלעכן זשאַנער: די קופּלעט-פֿאָרעם, די איבערהאַנט פֿון פּשוטע מעלאָדישע ליניעס און די באַגלייטונג פֿון א טיפּישן פֿאָלקס-כאַראַקטער. דאָס איז געווען גענוי דער מין מוזיק וואָס האָט געפֿאָדערט די רעזאָלוציע פֿון פֿעברואַר 1948 – "דעמאָקראַטיש", "מעלאָדיש" און "פֿאַרשטענדלעך פֿאַרן פֿאָלק" – ווי עס האָבן טאַקע אָנגעוויזן אַ רייִ סאָוועטישע מוזיקאָלאָגן. טאָ פֿאַר וואָס זאָל דער קאָמפּאָזיטאָר געפֿינען פֿאַר נייטיק צוריקצוהאַלטן אַ ווערק וואָס פֿאַרענטפֿערט אַלע פֿאָדערונגען פֿון דער פּאַרטיי-רעזאָלוציע?

עס דאַכט זיך, אַז בײַם פֿאַרענדיקן דאָס ווערק אין 1948 האָט שאָסטאַקאָוויטש ניט געוואָלט אָפּלייגן די עפֿנטלעכע אויספֿירונג. נעמענדיק אין באַטראַכט דעם פּאָליטישן קלימאַט אין 1948 איז די היימישע אויספֿירונג אַליין, אין סעפּטעמבער, געווען פֿאַרבונדן מיט סכּנות. פֿון דער צווייטער זײַט, האָט ער קיינעם ניט דערציילט וועגן דעם קאָנצערט אָדער דעם קוואַרטעט, ווײַל זײַן כּוונה איז מסתּמא געווען פֿון אָנהייב אָן צו באַהאַלטן זייער עקזיסטענץ. אין האַרבסט 1948 האָט זיך שוין די אויפֿטרייסלונג פֿון די פֿעברואַר געשעענישן אַ ביסל אײַנגעשטילט. שאָסטאַקאָוויטש האָט אפֿשר געמיינט דעמאָלט, אַז ער קען יאָ לאָזן אויספֿירן עפֿנטלעך זײַן ווערק. די דאָזיקע סבֿרא וואָלט אונדז געהאָלפֿן צו פֿאַרשטיין דעם אויסקלײַב פֿון די טעקסטן, די פֿאָלקסטימלעכקייט פֿונעם מוזיקאַלישן אידיאָם, און דאָס צוגעבן אין אָקטאָבער די לידער מיט אַ פּראָפּאַגאַנדיסטישן כאַראַקטער, וואָס מיט זיי ענדיקט זיך דער ציקל. אין דער צײַט האָט די סכּנה שוין געלויערט איבער דער סאָוועטישער ייִדישער קולטור, אָבער מען האָט אויף איר נאָך ניט אַרויפֿגעלייגט קיין חרם. נאָך אין יאַנואַר 1949 האָט שאָסטאַקאָוויטש געשריבן זײַן פֿרײַנד, דעם באַקאַנטן קאָמפּאָזיטאָר קאַראַ קאַראַיעוו:

> טײַערער קאָריק! אַ דאַנק פֿאַר דײַן בריוו. איך בין נישט אַזוי געזונט... איך האָב נאָך ניט פֿאָרגעשטעלט מײַנע ייִדישע לידער. איך וועל דאָס טאָן אין צען טעג אַרום. אַזוי ווי דו פֿאַראינטערעסירסט זיך מיט זייער גורל, וועל איך דיר שרײַבן מער וועגן דעם ענין...[6]

## ליד נר׳ 6

**פאָלקסטעקסט**

**עליע דער שענקער**
**זיצט אין כאַלאַט**
**די טאָכטער זײַנע,**
**זי האָט זיך געשמדט.**

**שאָסטאַקאָוויטש**
[איבערגעזעצט פון רוסיש]

**עליא פון די שמאַטעס**
**האָט אָנגעטאָן זײַן כאַלאַט**
**מע זאָגט, זײַן טאָכטער איז אַנטלאָפן**
**מיט דעם פריסטאַוו.**

פון גרויסן באַטייט זענען די ענדערונגען וואָס שאָסטאַקאָוויטש האָט אַרײַנגעבראַכט אין דער אָרקעסטראַלער ווערסיע, וואָס דורך זיי האָט ער פּאַקטיש רעסטאַווּרירט די אָריגינעלע טעקסטן לויט דער אויסגאַבע יעווּרעסקיע נאַראָדניע פּיעסני. אין דער אָרקעסטראַלער ווערסיע האָט דער קאָמפּאָזיטאָר זיך אָפּגעזאָגט פון די אויסגעטראַכטע טיטלען וואָס ער דאָט אָנגעגעבן, ער איז צוריק צום אָריגינעלן פאָלקסטעקסט פונעם ערשטן ליד, און ער האָט אויסגעלאָזט די פּאָרזיכטיקע שורות בנוגע דעם צאַר אינעם דריטן ליד. דאָס איז אַ קלאָרער באַווײַז, אַז שאָסטאַקאָוויטש האָט זייער שטאַרק געהאַלטן פון די אויטעטענטישע פאָלקסטעקסטן.

דער קאָמפּאָזיטאָר האָט געלאָזט אויספירן עפנטלעך דעם אָפּוס 79 דאָס ערשטע מאָל ערשט צוויי יאָר נאָך סטאַלינס טויט. די דאָזיקע עפענטלעכע אויספירונג איז פאָרגעקומען דעם 15טן יאַנואַר 1955 אין לענינגראַד. די סאָליסטן זענען געווען נינאַ דאָרליאַק (סאָפּראַן), זאַראַ דאָלוכאַנאָוואַ (אַלט), אַלעקסיי מאַסלעננִיקאָוו (טענאָר), און דער קאָמפּאָזיטאָר בײַ דער פּיאַנע. אין חודש יוני פונעם זעלביקן יאָר איז דער ציקל אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם מוזיקאַלישן פאָנד פון פסס״ר (מאָסקווע) אין 3.000 עקזעמפּלאַרן. דעם 9טן פעברואַר 1964, אין די ראַמען פונעם צווייטן פעסטיוואַל פון הײַנטצײַטיקע מוזיק אין גאָרקי, האָט דער קאָמפּאָזיטאָר געלאָזט שפּילן די אָרקעסטראַלע ווערסיע מיט דעם דיריגענט גענאַדי ראָזשדעסטווענסקי.

מע האָט געטענהט, אַז שאָסטאַקאָוויטש האָט אָפּגעלייגט די ערשטע עפנטלעכע אויספירונג פון אָט דער קאָמפּאָזיציע, ווײַל ער האָט ניט געוואָלט פאָרשטעלן אין דער צײַט ווערק מיט אַ ״קאָמפּלעקסן אידיאָם״, און ווײַל זײַן כּוונה איז געווען צו וואַרטן מיט דער פּרעמיערע ביז דער קינסטלערישער קלימאַט וועט זײַן אַ רויקערע.[5] אויב די דאָזיקע סברא לייגט זיך אויפן שׂכל בנוגע דעם קוואַרטעט נר׳ 4 און דעם פידל-קאָנצערט געשריבן אין דער זעלביקער תּקופה, וואָס זענען אויסגעפירט געוואָרן ערשט אין 1953 און אין 1955, קען מען זי אָבער ניט אָננעמען בנוגע דעם

קינסטלערישן באַטײַט און איר ציל איז צו בױען די מיסטישע אַטמאָספער פונעם פאָלקס-נוסח אויף אַ מער ערדישער פאָעזיע; דער פאָלקסטעקסט איז מסתמא ניט געווען גענוג "רעאַליסטיש" פאַרן יאָר 1948:

## ליד נר׳ 1

| שאָסטאַקאָוויטש<br>[איבערגעזעצט פון רוסיש] | פאָלקסטעקסט |
| --- | --- |
| די זון און דער רעגן,<br>דאָס שײַן און דער נעפּל,<br>דער טומאַן איז נידעריק,<br>די לבנה איז פאַרטונקלט געוואָרן | די זון מיט אַ רעגן,<br>די כלה געלעגן,<br>דער חתן געקומען,<br>די כלה אוועקגעשווומען. |

די אַנדערע צוויי ענדערונגען האָבן אַ סאָציאַלן באַטײַט. אינעם דריטן ליד האָט שאָסטאַקאָוויטש צוגעגעבן די שורה "דער צאַר האַלט אים אין תּפיסה" נאָך דער שורה אינעם אָריגינאַל "דײַן טאַטע איז אין סיביר" – פּרוּוונדיק דערמיט אַוודאי אויסומײַדן יעדע מעגלעכע פֿאַלשע אינטערפּרעטאַציע. אינעם זעקסטן ליד האָט ער געביטן די שורות: "די טאָכטער זײַנע,/זי האָט זיך געשמדט", מיט די שורות: "די טאָכטער איז אַנטלאָפן/ מיט דעם פּריסטאַוו", און דערמיט געביטן דעם רעליגיעזן באַטײַט אויף אַ וועלטלעכן

## ליד נר׳ 3

| שאָסטאַקאָוויטש<br>[איבערגעזעצט פון רוסיש] | פאָלקסטעקסט |
| --- | --- |
| מײַן קלײנער זון<br>איז דער שענסטער אין דער וועלט<br>אַ ליכט אינעם חושך<br>דײַן פאָטער איז אויף קייטן אין סיביר.<br>דער צאַר האַלט אים אין תּפיסה. | שלאָף מײַן קינד,<br>מײַן קינד, מײַן שיינער<br>שלאָף, מײַן זונעניו!<br>אַ סיבירניק איז דײַן טאַטע,<br>שלאָף, ליו-ליו, ליו-ליו. |

אָפּוס 79, בײַ שאָסטאַקאָוויטשן אין דער היים, אויף זײַן געבוירן-טאָג, דעם 25סטן סעפּטעמבער 1948. (ס'איז געווען אַ מנהג אויסצופֿירן נײַע מוזיק אויף זײַנע געבוירן-טאָג-שׂימחות.) בײַ אָט דער געלעגנהייט האָט שאָסטאַקאָוויטש, זיך רײַבנדיק די הענט, פֿאָרגעשטעלט די נאָר וואָס אָנגעשריבענע לידער מיט אָט די ווערטער: "איך האָב דאָ, אַזוי צו זאָגן, עטלעכע נײַע לידער". אויף דער דאָזיקער היימישער אויספֿירונג האָט מען געהערט בלויז די ערשטע אַכט טראַגישע לידער. דער פּרט שטימט מיט דער כראָנאָלאָגיע פֿון דער קאָמפּאָזיציע פֿונעם וואָקאַלישן ציקל, ווי זי איז פֿאָרגעשטעלט אין באַנד 32 פֿון שאָסטאַקאָוויטשעס געזאַמלטע ווערק (מאָסקווע 1982): די ערשטע אַכט לידער פֿון אָפּוס 79 זענען דאַטירט 10–24 אָקטאָבער פֿונעם זעלבן יאָר.

בנוגע די דאַטעס פֿון דער אָרקעסטראַלער ווערסיע פֿון דעם וואָקאַלישן ציקל, באַצייכנט דורך דעם קאָמפּאָזיטאָר ווי אָפּוס 79א, בלײַבן די זאַכן אומקלאָר. פֿאַר דעם דאָזיקן ווערק דערמאָנען אַלע מקורים די יאָרן 1963 אָדער 1964. בלויז אין באַנד 31 פֿון די געזאַמלטע ווערק ווערט אָנגעגעבן ווי אַ דאַטע דער וטער אָקטאָבער 1948. דאָס איז זייער מאָדנע און עס שטעלן זיך אַ ריי פֿראַגעס, וואָס איז שווער צו פֿאַרענטפֿערן. צי האָט שאָסטאַקאָוויטש פֿאַרענדיקט די פּאַרטיטור פֿון דער אָרקעסטראַלער ווערסיע פֿאַרן אָנשרײַבן די מוזיק פֿאַר די לעצטע דרײַ לידער פֿון דער פּיאַנע-ווערסיע? ווי קען דאָס זײַן, אַז ער האָט זיך באַניצט גלײַכצײַטיק מיט פֿאַרשיידענע ווערסיעס פֿון די טעקסטן און טיטלען, ווי מען קען דאָס זען פֿאַרגלײַכנדיק דעם אָפּוס 79 מיט דעם אָפּוס 79a? און פֿאַר וואָס איז די אָרקעסטראַלע ווערסיע קיין מאָל נישט אַויסגעפֿירט געוואָרן פֿאַר דעם יאָר 1964?

די עלף לידער, וואָס שאָסטאַקאָוויטש האָט אויסגעקליבן פֿון דאָברושינס און יודיצקיס רוסישע אויסגאַבע ייִדישע פֿאָלקס-לידער, זענען אַלע איבערזעצונגען פֿון דער אָריגינעלער ייִדישער אויסגאַבע אַרויסגעגעבן דורך די זעלביקע צונויפֿשטעלערס אין 1940.[4]

ס'רוב איבערזעצונגען זענען פּינקטלעכע, אַחוץ אַ פּאָר קליינע ענדערונגען ווי למשל, ס'וואָרט "אײַנזשעניר" וואָס קומט אַנשטאָט "דאָקטוירים" אין דעם עלפֿטן ליד. אין אַלגעמיין האָט זיך שאָסטאַקאָוויטש געהאַלטן בײַם סדר פֿון די לידער אַזוי ווי זיי זענען דערשינען סײַ אין דער ייִדישער און סײַ אין דער רוסישער אויסגאַבע. ער האָט אָבער אָנגעגעבן זײַנע אייגענע טיטלען די אינדיווידועלע לידער. ס'איז שווער צו דערגיין הײַנט פֿאַר וואָס שאָסטאַקאָוויטש האָט בכלל געראַרפּט האָבן די דאָזיקע טיטלען: צי איז עס צוליב מלוכה-צענזור, צי איז עס צוליב אַליין-צענזור?

אין דרײַ פֿאַלן האָט שאָסטאַקאָוויטש געענדערט די אָריגינעלע טעקסטן מיט אַ באַשטימטער כּוונה. עס דאַכט זיך, אַז די ענדערונג אינעם ערשטן ליד האָט אַ

דער ייִדישער עלעמענט געדינט ווי אַ פּערפעקטער אויסדרוק-מיטל און "באַשירעם-מיטל" [2] איבערצוגעבן די "סימבאָלישע ווערטן", וואָס מיט זיי האָט זיך באַנוצט דער קינסטלער, באַוווּסטזיניק אָדער נישט באַוווּסטזיניק.

* * *

דער וואָקאַלער ציקל פֿון ייִדישער פֿאָלקס-פּאָעזיע פֿאַר סאָפּראַן, אַלט, טענאָר און פּיאַנע, אָפּ. 79 איז איינע פֿון שאָסטאַקאָוויטשעס שענסטע און סימבאָליש-רײַכסטע קאָמפּאָזיציעס, אַ מײַסטערווערק פֿון פֿאָלקס-אידיאָם סטיליזאַציע.

דער וואָקאַלער ציקל געהערט צו דעם צווייטן "ייִדישן פּעריאָד" (1948–1952) פֿון שאָסטאַקאָוויטשעס שאַפֿערישער קאַריערע. דאָס יאָר 1948, ווען אָט דער ציקל איז אָנגעשריבן געוואָרן, איז געווען זייער אַ האַרבער פֿאַר דער סאָוועטישער קולטור. במשך דעם יאָר איז שאָסטאַקאָוויטש געווען דער קרבן פֿון אַן אָנפֿלייץ פֿון מסירות. אַ ראַזאָלוציע אָנגענומען דורך דעם צענטראַל-קאָמיטעט דעם 10טן פֿעברואַר 1948 האָט באַשולדיקט שאָסטאַקאָוויטשן און אַנדערע ערשטראַנגיקע קאָמפּאָזיטאָרן אין "פֿאָרמאַליזם" און "אַנטי-פֿאָלקישע" טענדענצן אין זייער מוזיק. דערנאָך, האָט דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמפּאָזיטאָרן-קאָנגרעס דאָמינירט דורך סאָוועטן-פֿאַרבאַנד, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין פּראָג פֿון דעם 20סטן ביז דעם 29סטן מײַ 1948, אונטערגעשטיצט די רעזאָלוציע פֿונעם צענטראַל-קאָמיטעט וואָס האָט אָפּגעוואָרפֿן "קאָסמאָפּאָליטיזם" אין מוזיק. די צײַטשריפֿט סאָוועטסקאַיאַ מוזיק האָט אָפּגעדרוקט אין יוני און יולי (נר' 2 און נר' 3) אַן אַרטיקל אין צוויי טײלן פֿונעם קאָמפּאָזיטאָר מאַריאַן קאָוואַל, וווּ שאָסטאַקאָוויטשעס מוזיק איז אָנגערופֿן געוואָרן "ווערטלאָז" און "פֿאַלש".

דער מקור וואָס האָט אינספּירירט שאָסטאַקאָוויטשן איז געווען די זאַמלונג יעווריסקיע נאַראָדניע פּיעסני (ייִדישע פֿאָלקס-לידער) צונויפֿגעשטעלט דורך י. מ. דאָברושין און א. ד. יודיצקי, רעדאַגירט דורך י. מ. סאָקאָלאָוו. דאָס דערלויבעניש צו דרוקן דאָס בוך איז אונטערגעשריבן געוואָרן דעם 19טן מאַרץ 1947.

נאַטאַליאַ מיכאָעלס (שלמה מיכאָעלס טאָכטער), וואָס איז געווען זייער באַפֿרײַנדט מיטן קאָמפּאָזיטאָר, דערציילט, אַז אין מײַ 1948 האָט זי דאָס ערשטע מאָל געהערט שאָסטאַקאָוויטשן שטעלן פֿראַגעס וועגן דעם אַרויסרייד פֿון געוויסע ווערטער אויף ייִדיש און וועגן דעם ריטמישן גאַנג פֿון די אָריגינעלע פֿאָלקסטעקסטן, וואָס ער האָט זיי געקענט בלויז אין דער רוסישער איבערזעצונג.[3]

נאַטאַליאַ איז אויך בײַגעווען בעת מען האָט אויסגעפֿירט דאָס ערשטע מאָל דאָס

עסנישער כּאַראַקטער פון אַזעלכע ווערק, ווי דער פידל-קאָנצערט, דער פערטער קוואַרטעט און דער טשעלאָ-קאָנצערט, דערמעגלעכן צווייטײַטשיקע אינטערפּרעטאַציעס אויף פאַרשיידענע ניוואָען – אויף דעם ריין מוזיקאַלישן ניוואָ און אויף דעם סאָציאָ-קולטורעלן ניוואָ. אין די וואָקאַל-אינסטרומענטאַלע קאָמפּאָזיציעס מיט טעקסט ווערט דער קריטישער באַטײַט פון דעם טעקסט דערגאַנצט מיט מער אָדער ווייניקער "אומגעוווּנטשענער" יידישקייט פון דעם מוזיקאַלישן אידיאָם (צום בײַשפּיל, אָפּ 79 און אָפּ 91, זען די טאַבעלע ז׳מ), שאַפנדיק אַזוי אַרום אַ קינסטלערישן עפעקט פון סאָציאַלער קריטיק. אַפילו אין זײַנע ריין אינסטרומענטאַלע שאַפונגען איז די ראָלע פון די צווייטײַטשיקע יידישע עלעמענטן פון דער מוזיק איבערצוגעבן דעם דאָזיקן באַטײַט. אָבער דער צוהערער קען איגנאָרירן די קריטיק פונעם טעקסט און די טאָפּלקייט פונעם עטנאָ-מוזיקאָלישן אידיאָם, די אָפּאָנענטן קענען זיי דורכלאָזן און דער שאַפער קען זיי באַרעבטיקן. דאָס איז דער זכות-הקיום פון דעם טאָפּלטן באַטײַט פון די יידישע עלעמענטן אין שאָסטאַקאָוויטשעס מוזיק.

3. שאָסטאַקאָוויטש באַניצט דעם אויטענטישסטן יידישן אידיאָם אין זײַן ווייער אַבסטראַקטער אינסרומענטאַלער מוזיק, וואָס איז געשריבן אין אַ ווײַט פאָרגעשריטענער מוזיקאַלישער שפּראַך אין פאַרגלײַך מיט דער סאָוועטישער מוזיק פון יענער צײַט. אין אָט די ווערק האָט ער געשעפּט פון דעם העכערן פּוח פון דער ייִדישער ליטורגישער מוזיק. כּדי צו פאַרשטיין אָט די מוזיק, מוז דער צוהערער אַקטיווירן די טיפסטע שיכטן פון זכּרון און אַסאָציאַציעס. למשל, אין די 24 פּרעלודן און פוגעס, אָפּ 87 איז דער באַטײַט פונעם ווערק טיף באַהאַלטן אין די לאַבירינטן פון דער פּאָליפאָנישער טעכניק. די פּרעלוד-און-פוגע-פאָרעם און די אַבסטראַקציע פון די קאָנאָטאַציעס פאָדערן דאָס אויסניצן פון קוועלן אַנדערע ווי דעם היימישן פאָלקסליד, אָדער דער אינסטרומענטאַלער קלעזמער-מעלאָדיע. אין דער פוגע אין פאַ מינאָר נר׳ 8 פון אָפּ. 87 האָט שאָסטאַקאָוויטשן געדינט ווי אַ מאָדעל די דערהויבנסטע פאָרעם פון דער ייִדישער מוזיקאַלישער טראַדיציע, אַ חזנישע מעלאָדיע פון דער וואָכעדיקער שחרית-תּפילה (זע בײַשפּיל נר׳ 1 אין העברעיִשן טייל, ו׳כב.)[1]

שאָסטאַקאָוויטש באַניצט זיך מיט יידישע עלעמענטן ניט נאָר כּדי אַרײַנצוברענגען אין זײַן מוזיק אַ ספּעציפישע "פאַרביקע" יידישקייט. דער אינעווייניקסטער באַטײַט פון אָט די עלעמענטן איז פון אַ טיפּן סימבאָלישן כּאַראַקטער. דאָס איז פּאַקטיש אַ באַהאַלטן לשון געוואָנדן צו דעם סאָרט צוהערער, וואָס איז מסוגל צו באַנעמען זײַן סובטילן באַטײַט. צוליב זײַן באַזונדערן אָרט אין דער סאָוועטישער קולטור, האָט

שאָסטאַקאָוויטשעס לעצטער קאָנטאַקט מיט ייִדישקייט קען מען באַטראַכטן ווי אַ באַשיץ-זשעסט: אין אַ שטימונג פון סענטימאַנטאַלע זכרונות האָט ער מסכים געווען צו פיגורירן ווי דער הויפט-רעדאַקטאָר פון זייער אַ דורכשניטלעכער זאַמלונג פון ייִדישע לידער וואָס איז אַרויס אין מאָסקווע אין 1970.

די גרויסע צאָל קאָמפּאָזיציעס וואָס נעמען אַרײַן ייִדישע עלעמענטן און די כראָנאָלאָגיע פון אָט די ווערק ווײַזן אָן, אַז שאָסטאַקאָוויטשעס "ייִדישע" ווערק פאַרמאָגן אַ ספּעציעלן באַטײַט. פאַקטיש, דורך די ווערק ווערט סימבאָליזירט דער גורל פון סאָוועטישן ייִדנטום אַליין.

ווען מיר באַטראַכטן די אינטעראַקציע צווישן די ייִדישע עלעמענטן און דעם סטיל, אַנטפּלעקן זיך גלײַך די פונקציעס פון די ייִדישע עלעמענטן אין שאָסטאַקאָוויטשעס מוזיק אונטער אַן אַנדער ליכט: די "ייִדישקייט" פון זײַן מוזיק פאַרמערט זיך פאַראַלעל מיטן וווּקס פון דער אַבסטראַקציע-מדרגה פון דער מוזיקאַלישער פאָרעם און מיט דער פאַרטיפונג פון דעם עזאָטערישן באַטײַט. וואָס באַהאַלטענער דער באַטײַט, אַלץ שטאַרקער ווערט דער עטנישער קאָלאָריט פון דער מוזיק און אַלץ אינטענסיווער דער ייִדישער מוזיקאַלישער אידיאָם. און להיפוך, וואָס עפנער און דירעקטער דער באַטײַט, אַלץ ווייניקער ייִדיש איז די מוזיק און אַלץ ספּקדיקער איר עטנישער אָפּשטאַם. מען געפינט אין שאָסטאַקאָוויטשעס ווערק דריי פאַרשיידענע סאָרטן פון דער דאָזיקער קעגנזײַטיקער אָפּהענגיקייט:

1. דער טעקסט רעדט אַן אָפן לשון פון סאָציאַלער קריטיק, ווען דער ספּעציפישער ייִדיש-מוזיקאַלישער עלעמענט פעלט אין גאַנצן אויס. דאָס איז דער פאַל אין דעם ערשטן טייל, באַבי יאַר, פון דער דרײַצענטער סימפאָניע. אין דעם דאָזיקן ווערק איז ניטאָ קיין שום ספק בנוגע דעם צענטראַלן קריטישן באַנעם פון דעם קאָמפּאָזיטאָר, און בנוגע זײַן באַציִונג צו אַנטיסעמיטיזם. דער ייִדישער מוזיקאַלישער אידיאָם קען דאָ גאָרניט ניט צוגעבן צו דער קלאָרער כוונה פונעם טעקסט און איז, פאַקטיש, איבעריק. להיפוך, דער אידיאָם דאָ איז אַ רוסישער: רוסישע גלאָקן, רוסישע מאָדוסן, רוסישער וואָקאַלישער סטיל.
2. דער טעקסט און/אָדער די מוזיק זענען באַזירט אויף אַ מין סטיליזירטן מזרח-אייראָפּעיִשן ייִדישן פאָלקס-אידיאָם. די גרונטיקע מוזיקאַלישע עלעמענטן אין אָט די ווערק זענען לאַוו-דווקא ריין ייִדישע. דער ייִדישער מוזיקאַלישער אידיאָם מישט זיך מיט אַנדערע פאָלקסמוזיק-עלמענטן. אַחוץ געוויסע אינדיווידועלע שטריכן שעפּט דאָ שאָסטאַקאָוויטשעס מוזיק פונעם אַלגעמיינעם מזרח-אייראָפּעיִשן מוזיקאַלישן אידיאָם. דער געבוי, דער מעטער, דער ריטעם, אַזוי ווי דער באַניץ מיט די מאָדוסן, זענען טיפּיש פאַר דער פאָלקסמוזיק פון אַ ריי מזרח-אייראָפּעיִשע קולטורן. דער טאָפּלטער

שאָסטאַקאָוויטש האָט זיך באַניצט מיט ייִדישע עלעמענטן אין משך פֿון דרײַ תּקופֿות. די ערשטע תּקופֿה זענען די יאָרן 1943–1944. דאָן האָט ער אָרקעסטרירט די אָפּערע **ראָטשילדס פֿידל** פֿון זײַן באַליבטן תּלמיד בנימין פֿליישמאַן (1913–1941), וועלכער איז אומגעקומען אין דער צווייטער וועלט-מלחמה. אין דער זעלבער צײַט האָט שאָסטאַקאָוויטש קאָמפּאָנירט אויך דעם פּיאַנאָ-טריאָ אָפּ. 67.

זײַן פֿאַרבינדונג מיט פֿליישמאַנען במשך די יאָרן 1934–1937 און זײַן צוטראָג צו **ראָטשילדס פֿידל** איז געווען שאָסטאַקאָוויטשעס ערשטער קאָנטאַקט מיט דעם ייִדישן אידיאָם. אַ סך פֿון די אייגנהייטן וואָס כאַראַקטעריזירן שאָסטאַקאָוויטשעס ייִדישן סטיל – געוויסע מאָדוסן, דער אַראָפּגייענדיקער "יאַמבישער פֿרים". דער קלעזמערישער "אום-פּאַ" באַגלייטונג – קען מען זיי שוין געפֿינען עמבריאָניש אין פֿליישמאַנס אָפּערע. גלײַך נאָך שאָסטאַקאָוויטשעס אַרבעט איבער דער אָפּערע האָט ער אָנגעהויבן דעם טריאָ מיט זײַן טראַגישן און מאַקאַברישן פֿינאַל, וואָס אין אים האָט ער אויסגעניצט דעם ייִדישן אידיאָם.

דאָס איז געווען אין דער צײַט ווען די ערשטע ידיעות וועגן דעם חורבן זענען דערגאַנגען ביז סאָוועטן-פֿאַרבאַנד.

די צווייטע תּקופֿה, 1948–1952, נעמט אַריין ס'רוב קאָמפּאָזיציעס וואָס זענען וויכטיק פֿון אונדזער שטאַנדפּונקט: דעם פֿידל קאָנצערט, דעם וואָקאַלישן ציקל **פֿון ייִדישער פֿאָלקס-פּאָעזיע, 24 פּרעלודן און פֿוגעס און די פֿיר מאָנאָלאָגן**. די ווערק זענען געשאַפֿן געוואָרן אין די זעלביקע יאָרן, ווען דער סטאַלין-רעזשים האָט געפּרוווט סיסטעמאַטיש פֿאַרניכטן די סאָוועטיש-ייִדישע קולטור און אירע אינסטיטוציעס.

ס'רוב ווערק פֿון אָט דעם פּעריאָד זענען אויסגעפֿירט געוואָרן דאָס ערשטע מאָל ערשט אַ סך שפּעטער, נאָך סטאַלינס טויט. די סיבה דערפֿון ליגט מסתּמא אינעם אידעאָלאָגישן דרוק פֿון די מלוכישע קולטור-אינסטאַנצן (די רעזאָלוציע פֿון צענטראַל-קאָמיטעט פֿון 10טן פֿעברואַר 1984) נישט צו שרײַבן קאָמפּלעקסע ("אַנטי-דעמאָקראַטישע") אינסטרומענטאַלע מוזיק. דער צוגויפֿשמעלץ פֿון דעם אַנטי-ייִדישן און אַנטי-מאָדערנעם שטראָם אין דער קונסט, האָט געווירקט אין יענער צײַט אויף זייער אַ טראַגישן אופֿן אויף דעם קולטור-לעבן אין סאָוועטן-פֿאַרבאַנד.

די דריטע תּקופֿה בעהערט צו די יאָרן פֿון 1959 ביז 1963, ווען שאָסטאַקאָוויטש האָט געשריבן דעם טשעלאָ-קאָנצערט, דעם אַכטן קוואַרטעט, די דרײַצנטע סימפֿאָניע און מסתּמא, די אָרקעסטראַלע ווערסיע פֿון דעם וואָקאַלישן ציקל **פֿון ייִדישער פֿאָלקס-פּאָעזיע**. דאָס איז געווען די צײַט ווען אַ כוואַליע פֿון אַנטיסעמיטיזם האָט באַהערשט די סאָוועטישע געזעלשאַפֿט און ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די "סטאַגנאַציע-תּקופֿה".

| | 1 | 2 | 3 | 4 | 5 |
|---|---|---|---|---|---|
| .10 | **סימפאָניע נר' 13**<br>פֿאַר באַס סאָלאָ, באַסן-<br>כאָר און אָרקעסטער,<br>טעקסטן פֿון י.<br>יעווטושענקאָ, אָפּ. 113 | 1962 | 1970<br>לידס מוזיק<br>קאַנאַדע | 18.12.1962; מ<br>מאָסקווער פֿילאַר-<br>מאָנישער אָרקעסטער<br>דיר. ק. קאָנדראַשין<br>וו. גראָמאַדסקי (באַס)<br>און כאָר, דיר. א.<br>יורלאָוו | ערשטער טייל<br>באַבי יאַר |
| .11 | **פֿון ייִדישער פֿאָלקס-<br>פּאָעזיע**, ווערסיע פֿאַר<br>שטים און אָרקעסטער,<br>אָפּ. 79a (זען אָפּ. 79) | *1963 | 1982<br>מוזיקאַ<br>מ | 19.2.1964; גאָרקי<br>פֿילאַרמאָנישער<br>אָרקעסטער פֿון גאָרקי<br>דיר. ג. ראָזשדעסט-<br>ווענסקי,<br>ל. אַווּדעיעוואַ (ס)<br>ג. פּיסאַרענקאָ (אַ)<br>א. מאַסלעננִיקאָוו (ט) | די גאַנצע<br>שאַפֿונג |
| [illegible] | **הויפּט-רעדאַקטאָר פֿון<br>דער זאַמלונג נײַע<br>ייִדישע לידער,**<br>צונויפֿגעשטעלט דורך<br>ז. קאָמפּאַנעיעץ | ? | [illegible]<br>סאָוו.<br>קאָמפּאָזיטאָר<br>מ | ? | די גאַנצע<br>שאַפֿונג |

---

* אַלע ביבליאָגראַפֿישע מקורים דערמאָנען 1963 און 1964, ווי דאָס יאָר ווען דאָס ווערק איז קאָמפּאָנירט געוואָרן. נאָר אין באַנד 31 פֿון שאָסטאָקאָוויטשעס געזאַמלטע ווערק ווערט אָנגעגעבן די דאַטע 1.10.1948.

| | 1 | 2 | 3 | 4 | 5 |
|---|---|---|---|---|---|
| .4 | פון יידישער<br>פאָלקס-פּאָעזיע<br>וואָקאַלער ציקל פאַר<br>סאָפּראַן אַלט,<br>טענאָר און פּיאַנע.<br>אָפּ. 79 | 1948 | 1955<br>מוזיקאַלני<br>פאָנד<br>מ | 15.1.1955; ל<br>אויטאָר (פּיאַנע)<br>נ. דאָרליאַק (ס)<br>ז. דאָלוכאַנאָוואַ (אַ)<br>א. מאַסלענניקאָוו (ט) | די גאַנצע<br>שאַפונג |
| .5 | קוואַרטעט נר׳ 4 פאַר<br>צוויי פידלען,<br>וויאָלע און טשעלאָ,<br>אָפּ. 83 | 1949 | 5.12.1953<br>[illegible]<br>מ | 1954; מ<br>בעטהאָווען-קוואַרטעט<br>(ד. ציגאַנאָוו<br>וו. שירינסקי<br>וו. באָריסאָווסקי<br>ס. שירינסקי) | ערשטער טייל:<br>אַלעגרעטאָ |
| .6 | 24 פּרעלודעס<br>און פוגעס פאַר<br>פּיאַנע, אָפּ. 87 | 1951–1950 | 1952<br>מוזגיז<br>מ | 23.12.1952 און<br>28.12.1952; מ<br>ט. ניקאָלאַיעוואַ | פר/פ נר׳ 8;<br>פר נר׳ 14;<br>פ נר 16;<br>פר נר׳ 17;<br>פ נר׳ 9;<br>פ נר׳ 24 |
| .7 | פיר מאָנאָלאָגן לויט<br>טעקסטן פון אַ.<br>פושקין פאַר שטים<br>און פיאַנע, אָפּ. 91 | 1952 | 1960<br>סאָוו.<br>קאָמפּאָזיטאָר<br>מ | ? | נר 1:<br>פראַגמענט |
| .8 | קאָנטשערטאָ פאַר<br>טשעלאָ און אָרקעסטער<br>נר 1, אָפּ. 107 | 1959 | 1960<br>מוזגיז<br>מ | 4.10.1959; ל<br>מ. ראָסטראָפּאָוויטש<br>און דער לענינ-<br>גראַדער פילהאַרמאָ-<br>נישער אָרקעסטער,<br>דיר. י. מראַווינסקי | דריטער טייל:<br>אַלעגראָ קאָן<br>מאָטאָ |
| .9 | קוואַרטעט נר׳ 8<br>פאַר צוויי פידלען<br>וויאָלע און טשעלאָ,<br>אָפּ. 110 | 1960 | [illegible]<br>סאָוו.<br>קאָמפּאָזיטאָר<br>מ | 2.10.1960; ל<br>בעטהאָווען-קוואַרטעט<br>(זען אָפּ. 83) | צווייטער טייל:<br>אַלעגראָ מאָלטאָ |

אָדער מיט אַ ייִדישן אידיאָם איז געווען פֿאַרבונדן מיט סכּנה און מיט אויפֿברויזנדיקע רעאַקציעס.

סײַ די כראָנאָלאָגישע פֿאַרשפּרייטונג און סײַ דער סטיליסטישער כאַראַקטער פֿון יעדער איינער פֿון שאָסטאַקאָוויטשעס קאָמפּאָזיציעס, וועלכע האָבן אַ שײַכות צו יידישער טעמאַטיק, שילדערן זײַן קינסטלערישן אני-מאמין אין דער תּקופֿה פֿון דער שאַפֿונג. דערפֿאַר איז עס פֿון אַ גרויסן אינטערעס נאָכצופֿאָלגן אָט די צוויי אַספּעקטן – דעם כראָנאָלאָגישן און דעם סטיליסטישן – פֿון דעם שעפֿערישן פּראָצעס וואָס שייך דעם באַניץ מיט ייִדישע מאַטעריאַלן.

## שאָסטאַקאָוויטשעס קאָמפּאָזיציעס מיט יידישער טעמאַטיק און ייִדישע קאָמפּאָזיציעס מיט זײַן אָנטייל*

| | קאָמפּאָזיציע<br>1 | געשאַפֿן<br>2 | אַרויסגעגעבן<br>3 | ערשטער קאָנצערט<br>4 | יידישע טעמאַטיק<br>5 |
|---|---|---|---|---|---|
| .1 | אויסגאַבע און<br>אָרקעסטראָציע פֿון<br>וו. פֿליישמאַנס אָפּערע<br>ראָטשילדס פֿידל | 1943 | 1965<br>מוזיקאָ<br>מ | 20.7.1960; מ<br>סאָליסטן פֿון דער<br>מאָסקווער מלוכהשער<br>פֿילאַרמאָנישער<br>געזעלשאַפֿט | די גאַנצע<br>שאַפֿונג |
| 2 | טריאָ פֿאַר פֿידל טשעלאָ<br>און פּיאַנע, אָפּ. 67 | 1944 | 1944<br>מוזגיז<br>מ | 14.11.1944; ל<br>אויטאָר (פּיאַנע)<br>ד. ציגאַנאָוו (פֿידל)<br>ס. שירינסקי (טשעלאָ) | פֿערטער טייל:<br>אַלעגרעטאָ |
| .3 | קאָנטשערטאָ פֿאַר פֿידל<br>און אָרקעסטער,<br>אָפּ 77 | 1948–1947 | 10.10.1955<br>מוזגיז<br>מ | 1956; ל<br>ד. אויסטראַך און<br>דער לענינגראַדער<br>פֿילאַרמאָנישער<br>אָרקעסטער, דיריגענט<br>י. מראַווינסקי | צווייטער טייל:<br>סקערצאָ |

* פֿאַרקירצונגען: מ – מאָסקווע; ל – לענינגראַד, ס - סאָפּראַן; אַ - אַלט; ט – טענאָר; פּר – פּרעלוד; פֿ – פֿוגע.

דמיטרי שאָסטאַקאָוויטשעס אינטערעס אין יידישע ענינים – סײַ מוזיקאַלישע און סײַ ניט מוזיקאַלישע – האָט נישט זײַן גלײַכן אין דער געשיכטע פון דער רוסישער אָדער סאָוועטישער מוזיק *.

עלעמענטן פון אַ ייִדישן מוזיק-אידיאָם קען מען געפינען אין נישט ווייניקער ווי צען פון זײַנע הויפּטווערק (זע די טאַבעלע אויף ז׳ מ). אָנהייבנדיק מיט דעם **טריאָ** אָפּ. 67 (1944) און ביז דער **סימפאָניע נר׳ 13**, אָפּ. 113 (1962). דער דאָזיקער אינטערעס איז געקומען צום אויסדרוק ניט נאָר אין זײַנע אָריגינעלע קאָמפּאָזיציעס, נאָר אויך אויף אַנדערע אופנים: ער האָט פֿאַרענדיקט בנימין (Veniamin) פליישמאַנס אָפּערע **ראָטשילדס פידל** (1943) און ער איז געווען דער הויפּט-רעדאַקטאָר פון דער זאַמלונג **נײַע יידישע לידער** (1970).

שאָסטאַקאָוויטשעס אָנגאַזשירונג אין דער יידישער מוזיק און קולטור אונטערשיידט זיך פון דעם אינטערעס פון אַלע פריִערדיקע רוסישע קאָמפּאָזיטאָרן ניט נאָר אין איר פאַרנעם און אויסדרויער, נאָר אויך אין איר מהות. דער באַניץ מיט פסעוודאָ-יידישע מעלאָדיעס דורך די קאָמפּאָזיטאָרן פונעם 19-טן יאָרהונדערט אין רוסלאַנד דריקט בדרך-כלל אויס **ניט** מער ווי אַ ספּעציפישע רוסישע פאַראינטערעסירונג "מיט אַלץ וואָס איז מזרחדיק" (וולאַדימיר סטאַסאָוו). דער אופן אויף וועלכן שאָסטאַקאָוויטש האָט פאַראייגנט דעם ייִדישן אידיאָם האָט ניט צו טאָן מיט די "פאָלקלאָריסטישע" נייגונגען פון אַ מוסאָרגסקי אָדער אַ רימסקי-קאָרסאַקאָוו, און אויך **ניט** מיט די "פילאָסאָפישע" פּניות פון אַ רובינשטיין אָדער אַ סעראָוו.

כדי צו פאַרשטיין דעם באַטײַט פון די ייִדישע עלעמענטן אין שאָסטאַקאָוויטשעס מוזיק, דאַרף מען נעמען אין באַטראַכט די פּראָבלעמאַטישע פּאָזיציע פון דער ייִדישער קולטור אין סאָוועטן-פאַרבאַנד אין דער צײַט ווען שאָסטאַקאָוויטש איז געווען שעפעריש. דעמאָלט האָט דאָמינירט דער באַנעם לויט וועלכן די אידעע וואָס שייך דער באַזונדערקייט פון יידישן פאָלק איז וויסנשאַפטלעך אומבאַגרינדעט. באַטש במשך דער צײַט האָבן די פאָרעם און דער אינהאַלט פון דעם דאָזיקן באַנעם זיך געביטן. דערפאַר האָט די ייִדישע קולטור, די מוזיקאַלישע קולטור אַרײַנגערעכנט, עקזיסטירט נאָר אויף דער גרענעץ-ליניע צווישן דעם דערלויבטן און דעם ניט-בעוווּנטשענעם. אָט די פאַראַדאָקסאַלע פּאָזיציע פון דערלויבטן אָבער אומגעוווּנטשענעם תחום, פון פאַרבאָטענעם אָבער נישט אומגעזעצלעכן געביט האָט געשאַפן אַ צווייטײַטשיקע סיטואַציע אין דער סאָוועטישער קולטור, בנוגע דעם באַניץ מיט יידישע טעמעס און מאָטיוון אין קונסט. דער באַניץ מיט יידישער טעמאַטיק

---

* דער דאָזיקער עסיי איז געשריבן געוואָרן אויפן סמך פון פריערדיקע אַרבעטן. זען די הערה אויף ז׳ יז אינעם העברעיִשן טייל פונעם בוך.

8. *Mussorgsky, In Memoriam 1881-1981*, ed. M.H. Brown (Ann Arbor, 1982), p. 3

9. ראה הערה 7.

10. שם, עמ' 11–12.

11. נ. סקולץ, **יידישע פולקס-לידער פון רומעניע** (שירי עם יהודיים מרומניה), (תל-אביב, 1970), עמ' 147; **יידישע פולקס-לידער** (שירי עם יהודיים), עורכים מ. ברגובסקי וי. פפר (קייב, 1938), עמ' 318.

12. מ. ברגובסקי, **יעווריסקיה נארודניה פיסני**, (שירי עם יהודיים), (מוסקבה, 1962), מס' 111 ו־113.

13. סקולץ, שם, מס' 37.

14. A.Z. Idelsohn, *Hebraeisch-orientalischer Melodienschatz* (Leipzig, 1932), 9, Nr 153, 560.

15. מ. גנסין, **סטאטי, ווספומיננניה, מאטריאלי** (מאמרים, זכרונות ותיעוד), (מוסקבה, 1961), עמ' 201

16. ברגובסקי ופפר, **אידישע פולקס-לידער**, עמ' 284.

17. מכתב ממקסים שוסטקוביץ' ל־י. בראון מיום 12 ביוני, 1986, ריג'פילד, ארה"ב; הערות לווי מתוכניה לקונצרט שנערך במרכז ע"ש ג'ון פ. קנדי לאמנויות ב־23 אפריל 1987, וושינגטון די.סי.

18. אני חב חוב עמוק לרעייתי אביבה על עזרתה בעיצוב הטכסט היידי, ולד"ר גונתר מארווידל (המכון להיסטוריה של יהדות גרמניה, המבורג) על שסייע לי בפתרון בעיות לשוניות אחרות.

19. שמונה שירים מתוך **מן השירה היהודית העממית** אופוס 79, עם טכסטים יידיים, בוצעו לראשונה באוניברסיטת בר-אילן, ישראל ב־24 לינואר, 1980 (פ. איינבינדר, מ. יולדמן, ל. גארב ו־ר. וולדמן); גירסת התזמורת הושמעה לראשונה בניצוחו של י. ארונוביץ ע"י התזמורת הסימפונית של ירושלים, עם ל. טונה, מירה זכאי ונ. ג'נקינס (ירושלים, 2 ביוני 1985); ובשלמות בוצע בניצוחו של מ. שוסטקוביץ' ע"י התזמורת הלאומית עם הסולנים מ. שירר, ס. גרינפילד ו־ר. נולן (וושינגטון, ד.ס., 23, 25 ו־28 באפריל 1987).

עם תובנה של גאון תפס שוסטקוביץ' את הטבע החברתי-אתני של שירי העם הללו ויצר את אחת היצירות המדהימות של המוסיקה היהודית האמנותית. ככזו, יצירה זו שנכתבה ב-1948, צריכה להיחשב כדוגמה הראשונה ואחת הגדולות ביותר של "גל הפולקלור החדש" של המאה ה-20 שצמח לאמיתו של דבר במערב ובמזרח כאחד רק בשנות ה-60 של המאה.

* * *

מן השירה היהודית העממית ניצבת בעדות מרשימה למורכבות ולרו-משמעות האופיינית לחייו של המלחין ולתרבות שבה חי ויצר. אני סבור שהייחוד של היצירה ומקומה במיוחד במוסיקה הסובייטית, ואולי גם בעולם המוסיקה, שמור לה בזכות סיגנונה ושפתה, והמיזוג המיוחד של הגלוי והסמוי היוצרים את משמעותה האמיתית וסמליותה. הגורל של העמים הסובייטיים, הסיבוכים של החיים הסובייטיים בוטאו על ידי שוסטקוביץ' באמצעות הניב היהודי המוסיקלי, שבזכות מעמדו המיוחד בחברה הסובייטית, יכול היה להוות כזמן שנכתב אמצעי אידיאלי לביטוי העצמי האמנותי והאתי של המלחין.

## הערות

1. Judith Kaplan Eisenstein, *Heritage of Music* (New York, 1972), Ex. 14; Gershon Ephros, *Cantorial Anthology*, IV (New York, 1953), p. 368.

2. Edward, E. Lowinsky, *Secret Chromatic Art in the Netherlands* (New York, 1946), p. 169.

3. מראיון אישי שערך המחבר עם נ. מיכואלס, ביום 12 במרץ, 1981 בתל-אביב.

4. יידישע פאלקס-לידער (שירי עם יהודיים), נאספו ונערכו בידי י. דוברושין וא. יודיצקי (מוסקבה, 1940), עמ' 18, 45, 84, 99, 277, 325, 327, 388, 432, 433 ו-460.

5. Boris Schwarz, *Music and Musical Life in Soviet Russia: 1917–1981*, (Bloomington, 1983), p. 244

6. Dmitri Schostakovitsch, *Erfahrungen*, Hrsg. Christoph Hellmundt und Krysztof Meyer (Leipzig: *Reclame*, 1983), 215–216. שוסטקוביץ' בוודאי מדבר על ביצוע היצירה באיגוד הקומפוזיטורים.

7. י. דוברושין וא. יודיצקי, יווריייסקיה נארודניה פיסני (שירי עם יהודיים), (מוסקבה, 1947), עמ' 9.

**יידיש**

אוי, ייִנגל אין גריבל,
אין גריבל, משהלע, אין גריבל

**רוסית**

אוי, מאלטצ׳יק ומוגילה,
ומוגילה מויישלה, ומוגילה
(אוי, בני הקטן, בקבר,
בקבר, מויישלה, בקבר)

אי אפשר להעביר בתרגום את האוירה הכוללת של הסבל, האומללות וחוסר התקווה שיוצר ה״יינגל אין גריבל״. העדר שם ההקטנה, הטיפוסי ליידיש, מחסר מן המשפט את משמעותו העשירה המיוחדת. ״גריבל״ איננו רק ״קבר״ (מוגילה) אלא בעצם מן בור, או אפילו, חור חפור באדמה בעזרת הידיים. הקריאה הפולי-סמאנטית היידית ״אוי״ ניתנת עוד פחות לתרגום, ולובשת אופי של פארסה בתרגומה לכל שפה אחרת. זה מורגש במיוחד בשיר מס׳ 11, למשל, שבו אנו מקשיבים בשיר ה״אושר״ האחרון לשורות הבאות:

אוי, הכוכב בוער מעל לראשינו, אוי!

למעשה אי אפשר לתרגם את הניב היידי ״זונניו״ (ברוסית ״סינוק״) שהוא צורת הקטנה מיוחדת של המלה ״זון״ (בן) עם סיומת המרמזת לא רק על בן קטן, אלא גם ״בן שלי״, ״בן אהוב״, ועוד (שיר מס׳ 3).

תכופות הטכסט היידי מתאים למוסיקה בצורה הרבה יותר חלקה מאשר הטכסט הרוסי, לדוגמה, בשיר מס׳ 6 עם האנחה על mi-ir:

kum | zhe tzu | mi - ir, kum | zhe tzu | mi - ir!
ver- | nis' kot- | zu - u, ver- | nis' kot- | zu - u!

ההתאמה של הטכסטים היידיים המקוריים נעשתה עם שינויים טכסטאליים זעירים בלבד.[18] התאמה זו, המוגשת כאן (עמ׳ סג–59) מדגימה את פוטנציאל המוסיקה של שוסטקוביץ׳ עם טכסטים עממיים מקוריים. נפתחה כך אפשרות להעניק פירוש חדש ואמיתי יותר ליצירה זו.[19] מיצירה קונצרטית מן השורה שבוצעה לעיתים קרובות עם תזמורת סימפונית, בפומפוזיות של מוסיקה אופראית, היא עשויה להפוך ליצירה עמוקה וכנה בסיגנון אמנות עממית. בעזרת הטכסטים היידיים ניתן לעשות שימוש מלא בתכונות אופייניות של אמנות עממית כמו ״דיבור מוסיקלי״, ״אינטונציות דיבור״, דיאלוגים, משפטים הבנויים על רמזים ותחבולות שפת דיבור טכסטואליות ומוסיקליות.

